י. באקסט און ג. פרידלאנד

# ארבעט=קינדער

## אלעפבייז





ISBN:0-657-10996-7



צענטרפארלאג ★ מאָסקווע—כאַרקאָוו—מינסק ★ 1930

י. באקסט, ג. פרידלאנד

# אַרבעט-קינדער

## אַלעפבייז

צווייטע איבערגעאַרבעטע אויפלאגע

דערלויבט פון דער קאָמיסיע פארן נאצמינד-
בוך באם פאָלקאָמבילד פון ר. ס. פ. ס. ר.

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פססר
1930 מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק 1930






ƆꞋNꞋ 2 — ꞋNꞋ





$1+1=2$

 ƆꞋNꞋ 1

 2

$2-1=1$

  ƆꞋNꞋ 2



דער טאטע

דער טאטע — עמעס




עמע עמער

עמע עמעס




א מעסער


א טעלער

דער טאטע עסט

די מאמע עסט

עמע עסט

טעמע עסט

אלע עסן

דער מאמען א טעלער

עמען א טעלער

טעמען א טעלער

אלעמען טעלער



די באָבע — בעבען

עס, בעבע, עס, עס.

די מאמע עסט.

דער טאטע עסט.

טעמע עסט.

עמע עסט.

אלע עסן.

עס, עס, בעבע

בעבע עסט



א שאָל



א טיש



בעבע עסט

**בעבע עסט**

עס עסט עסן

עמע עמען

טעמע טעמען

באָבע **באָבע**

בעבע **בעבע**






בא טעמענ א מער

**בא טעמענ א מער**






בעבע עסט א באר

**בעבע עסט א באר**

3 בארנ     3 מערנ

1 באר     1 מער

2 בארנ     2 מערנ

3 בארנ     3 מערנ

3

---

**א מער. אנ עמער. בא. באר. בארנ.**



טעמע, טעמעלע,
שער מיר א פישעלע
שער מיר א שיפעלע,
א שיפעלע מיט א פישער

**טעמע, טעמעלע,**
**שער מיר א פישעלע,**
**שער מיר א שיפעלע,**
**א שיפעלע מיט א פישער.**


















טעמע שערט מיט א שערעלע.
טעמע שערט א פישעלע.
טעמע שערט א שיפעלע.
א שיפעלע מיט א פישער.

---

מיר. מיט. מיל.





1+2=3

3−2=1

2+1=3

3−1=2



אַ מיל מיט פיר —





1 מעסער מיט 3 מעסער — 4 מעסער

1 שאָל מיט 3 שאָלן — 4 שאָלן

2 טישן מיט 2 טישן — 4 טישן

3 טעלער מיט 1 טעלער — 4 טעלער

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1+1 = | 2+1 = | 2−1 = | 3−2 = |
| 1+2 = | 2+2 = | 3−1 = | 4−2 = |
| 1+3 = | 3+1 = | 4−1 = | 4−3 = |



די באָבע מיט בעבענ

באָבע, באָבע.

בא מיר א שיפעלע מיט א פישער

בא מיר א מיל מיט פיר —

בא מיר א טיש מיט פיר פיס.

**בא בעבענ א שיפעלע מיט א פישער.**

**בא בעבענ א מיל מיט פיר —.**

**בא בעבענ א טיש מיט פיר פיס.**

---

**פיר. פיס. פיל. פיש.** **טיש. פיש.**









א פישער... א שיפעלע...
פיש... אנ עמער... א פאנ...
טעלער... לעפל...



5 פיש

# פינפ







| | |
|---|---|
| $1+1=$ | $5-1=$ |
| $2+1=$ | $5-2=$ |
| $3+1=$ | $5-3=$ |
| $4+1=$ | $5-4=$ |
| $3+2=$ | $5-5=$ |



## עמע פארבעט די בעט

עמע פארבעט די בעט




פאר עמען א בעט.
פאר טעמען א בעט.
פאר דער באָבען א בעט.
פאר בעבען א בעטעלע.
פאר אלעמען בעטן.




עמעס בעט. טעמעס בעט.
דער מאמעס בעט.
דער באָבעס בעט.
בעבעס בעטעלע.
אלע בעטן פארבעט.

| | |
|---|---|
| בעט | 1 בעט |
| פארבעט | 4 בעטן |

טאטע - טאטעלע.

מאמע - מאמעלע.

טעמע - טעמעלע.

עמע - עמעלע.

א בעט — א בעטעלע

א מער — א מערעלע

א שער — א שערעלע

א טיש — א טישעלע

א פיש — א פישעלע

א שיפ — א שיפעלע

א טיר — א טירעלע



6

6 לעפל



6 מעסער



| | |
|---|---|
| 1+5= | 6—1 = |
| 2+4= | 6—2 = |
| 3+3= | 6—3 = |
| 4+2= | 6—4 = |
| 5+1= | 6—5 = |



# אן ארטעל

# אן ארטעל

דער ארטעל ארבעט.
דער ארטעל נייט.
בעבעס מאמע נייט.
עטעלעס מאמע נייט.
נאָטעלעס טאטע נייט.
מירעלעס טאטע נייט.
אלע בא דער ארבעט.
די בא ניי-מאשינעס,
דער שערט, דער מעסט,
דער נייט א קאָלנער,
דער נייט אן ארבל.
אלע ארבעטן.



ניי־מאשינעס

ניי-מאשינעס



א נאָדל

א נאָדל



אן ארבל

אן ארבל



א קאָלנער

א קאָלנער




נייען די מאשינעס
אלע מיטאמאָל.
נייען די מאשינעס
אלע אפ א קאָל–
טאר, טאר, טאר.




דרייט א ראָד א רעדעלע,
דרייט א רעדעלע א ראָד.
נייען די מאשינעס
א נאָט, א נאָט.




נייען די מאשינעס
אלע אפ א קאָל –
טאר, טאר, טאר.



$3+4=7$ $4+3=7$

| | |
|---|---|
| 1+6= | 7−1− |
| 2+5= | 7−2= |
| 3+4= | 7−3= |
| 4+3= | 7−4− |
| 5+2= | 7−5= |
| 6+1= | 7−6= |

דאָס רעדעלע דרייט,
מע ארבעט מיט פרייד,
מע נייט, מע נייט.

---

ראָד רעדער

באָד בעדער



# א פאבריק

דאָ ארבעט דער טאטע.
דאָ ארבעט ארע.
דער טאטע ארבעט 7 שאָ.
7 שאָ ארבעט ער, ניט 8 שאָ.
ארן ארבעט 6 שאָ.
נאָר 6 שאָ ארבעט ער.
6 שאָ ניט מער.
דער טאטע ארבעט מיט 1 שאָ מער.
פריער – מיט 2 שא מער.

---

| | |
|---|---|
| שאָל | ער |
| שאָ | דער |
| | מער |
| נאָט | נאָט |
| נאָר | ניט |

| | |
|---|---|
| 1+7= | 8−1= |
| 2+6= | 8−2= |
| 3+5= | 8−3= |
| 4+4= | 8−4= |
| 5+3= | 8−5= |
| 6+2= | 8−6= |
| 7+1= | 8−7= |



8

4+4=8

# אין מיל












די פור פאָרט אין מיל.

די פור פאָרט אין מיל.

פאָרט א פור.
די פור פאָרט אין מיל.
די פור פירט זעק.
9 זעק פול מיט קאָרן.
מאָלן מעל
פאר דעם ארטעל.

---

פיר פורן פאָרן פירן קאָרן

זאק. זעק. זעקעלע.

# פון מיל



די פור פאָרט פון מיל

די פור פאָרט פון מיל.

פאָרט א פור.
די פור פאָרט פון מיל.
די פור פירט זעק.
9 זעק מיט מעל.
פאר דעם ארטעל.

---

| | | |
|---|---|---|
| פיר. | פור. | פאָר. |
| פירט. | פון. | פאָרט. |



דאָס איז אַ ווינטמיל.
ווען מאָלט די מיל?
וועמעס איז די מיל?






דאס איז אַ וואסערמיל.
ווען מאָלט די מיל?






| | |
|---|---|
| אין. | איז. |
| ווען. | ווער. |
| וואָס. | דאָס. |

דאָס איז אַ דאמפמיל.
וועמעס איז די דאמפמיל?

א ווינטמיל ארבעט מיט ווינט
א וואסערמיל ארבעט מיט וואסער.
א דאמפמיל ארבעט מיט דאמפ

* * *

מילנ, מילנ,
מאָלט וואָס מער.
וואָס מער קאָרנ,
וואָס מער מעל

וואָס מער מעל
פורנ, פירט
אינ ארטעל.
אינ קאָלווירט.



| | |
|---|---|
| 1+8= | 9−1= |
| 2+7= | 9−2= |
| 3+6= | 9−8= |
| 4+5= | 9−4= |
| 5+4= | 9−5= |
| 6+3= | 9−6= |
| 7+2= | 9−7= |
| 8+1= | 9−8= |







9 זעק מיט מעל

$3+3+3=9$

פור. פול. פונ.
ווער. ווערט. ווערנ.
מיל. מילנ. מאָלנ.



א קאָלווירט

# א קאָלווירט

אינ א קאָלווירט ארבעט
מענ מיט מאשינעס.
אינ א קאָלווירט איז פאַ-
ראַנ א טראַקטער.
דער טראַקטער אקערט
די ערד בעסער.
דער טראַקטער אקערט
די ערד טיפער.
דער טראַקטער אקערט
די ערד שנעלער.
די זיי-מאשינ זייט בעסער.
די זיי-מאשינ זייט שנעלער.
די דרעש-מאשינ דרעשט
שנעלער.



א טראַקטער

א טראַקטער



א זיי-מאשינ

א זיי-מאשינ



א דרעש-מאשינ

א דרעש-מאשינ

ווי ארבעט מענ אינ קאָלווירט?
אינ א קאָלווירט ארבעטנ אלע.
אלע אינײנעם. ווער וואָס עס קענ.




דער איז בא די פערד.
דער איז בא די קי.
דער איז באם טראקטער.
דער אקערט, דער זײט,
דער פירט, דער דרעשט,
דער מעלקט די קי,
דער קערט, דער ראמט,
דער וואשט,
דער ארבעט אינ מיל.
אלע ארבעטנ.




אינײנעם איז די ארבעט שנעלער.
אינײנעם איז די ארבעט בעסער.

---

ווער איז דער באלעבאָס אינ קאָלווירט?
ווער עס ארבעט אינ אים, דער איז באלעבאָס.
וועמענ נעמט מענ אינ קאָלווירט?
קולאקעס נעמט מענ ניט.
פארוואָס?



## א יאסלע   א יאסלע

דאָ איז ארעלע.
דאָ איז נאָטעלע.
דאָ איז דינעלע.
דאָ איז בערעלע.
דאָ איז וועלוועלע.
דאָ איז קיוועלע.
דאָ איז קימעלע.
דאָ איז מירעלע.

דאָ איז עטעלע.
דאָ איז בעבע.
דאָ איז וואָווע.
דאָ איז ליבע.
דאָ איז ליזע.
אלע אלע אָן די מאמעס
די מאמעס ארבעטנ
איג ארטעל, אינ פאבריק

אינ יאסלע איז ריינ.
ריינ די ווענט. ריינ דער דיל.
ריינ דאָס בעטעלע.
ריינ דאָס קישעלע.
ריינ די קאָלדרע. ריינ די וועש.
ריינ די טישנ. ריינ די שאָלנ.
ריינ די לעפל. ריינ די טעלער.
דאָ עסנ די קינדער.
דאָ שפּילנ זיי. דאָ שלאָפנ זיי.
פאראנ דאָ מומעס.
די מומעס שפּילנ מיט זיי.
פאראנ דאָ וואנעס.
דאָ איז פאראנ ווארעמ וואסער.
דא איז פאראנ זייפ.
די מומעס באָדנ זיי אינ
וואנעס.
וואשנ זיי מיט זייפ.
וואשנ פונ קאָפּ ביז די פיס.
דאָ — אלע, אלע קינדער ריינ.
דאָ — אלע, אלע קינדער זאט.



א פּילקע

א פּילקע



א לאָפּעטקע

א לאָפּעטקע



א מולטער

א מולטער

---

קאָפּ קאָפּ. טאָפּ טאָפּ.




ארבעט-שול

ארבעט-שול

* *
*

קינדער, קינדער
פול און פול.
פול מיט קינדער
איז די שול.

קינדער, קינדער
פול אונ פול:
פול מיט קינדער
איז די שול.

---

פול, פיל. אונ, אינ.



אין קלאס

אין קלאס.

וויפל פּארטעס איז אין קלאס?

וויפל טישן איז אין קלאס?

וויפל שטולן איז אין קלאס?

וויפל טאָוולען איז אין קלאס?

וויפל שאפּעס איז אין קלאס?

| |
|---|
| א רעשימה פון מעבל אין קלאס |
| 9 פּארטעס |
| 2 שטולן |
| 1 טיש |
| 1 טאָוול |
| 1 שאפּע |



א שטול

א שטול



א פּארטע

א פּארטע



א טאָוול

א טאָוול



א שאפּע

א שאפּע

| | |
|---|---|
| 1 | אבע און בעבע |
| 2 | מינע און דינע |
| 3 | סאָרע און דאָרע |
| 4 | ריווע און קיווע |

דינע און מינע אַ פּאָר, 1 פּאָר = 2 קינדער

ליבע און ליפּע אַ פּאָר 2 פּאָר = 4 קינדער

אבע און בעבע אַ פּאָר. 3 פּאָר = 6 קינדער

קיווע און ריווע אַ פּאָר. 4 פּאָר = 8 קינדער

לעמע און עמע אַ פּאָר 5 פּאָר = 10 קינדער

10

| | |
|---|---|
| 1+9= | 10−1= |
| 2+8= | 10−2= |
| 3+7= | 10−3= |
| 4+6= | 10−4= |
| 5+5= | 10−5= |
| 6+4= | 10−6= |
| 7+3= | 10−7= |
| 8+2= | 10−8= |
| 9+1= | 10−9= |












# אלע קינדער ארבעטן.

אלע קינדער ארבעטן.
אלע קינדער האָבן פּאפּיר.
אלע קינדער האָבן פּענעס.
אלע קינדער האָבן טינט.
אלע קינדער האָבן העפטן.
אלע קינדער ארבעטן.




1 בוך




3 ביכער












אַרבעט ריין!

איך אַרבעט ריין,
בײַ מיר איז ריין דער בוך
בײַ מיר איז ריין דאָס העפט
און איך אַליין בין ריין.

האַלט ריין דאָס העפט!

האַלט ריין די ביכער!



# אין א ראָד

שטעלט זיך, שטעלט זיך,
קינדער, אין א ראָד.
דרייט זיך, דרייט זיך,
קומט א קאראהאָד.

שטעלט זיך, שטעלט זיך,
קינדער, אין א ראָד.
דרייט זיך, דרייט זיך,
קומט א קאראהאָד.

---

| | |
|---|---|
| 4−2+3= | 1+1+1= |
| 6−3+1= | 2+1+1= |
| 4−3+2= | 2+2+2= |
| 5−2+4= | 3+1+2= |
| 6−1+2= | 1+3+3= |

# שפאנט, שפאנט, קינדער אלע

שפאנט, שפאנט, קינדער אלע,
1, 2, 3.
שפאנט, שפאנט, קינדער אלע,
1, 2, 3.
לאָמיר אלע מאכן
א ראָד, א ראָד.
לאָמיר אלע מאכן
א ראָד, א ראָד.
אהער דאָס רעכטע הענטל,
1, 2, 3.
אהער דאָס לינקע הענטל,
1, 2, 3.
מיטביידע, ביידע הענטעלעך,
1, 2, 3.
שפאנט, שפאנט, קינדער אלע,
1, 2, 3.

## ווער איז דאָ אונ ווער איז ניטאָ







אבע איז דאָ — שימע" איז ניטאָ

בעבע איז דאָ — סימע איז דאָ

מינע איז ניטאָ — טעמע איז דאָ

דינע איז דאָ

---

| | | |
|---|---|---|
| $4-3+5=$ | $7+3-5=$ | $4+4-1=$ |
| $4-2+6=$ | $5+3+2=$ | $6-4+5=$ |
| $7-3+4=$ | $10-9+7=$ | $5+5-1=$ |
| $5+4+1=$ | $8+2-10=$ | $4+4-5=$ |
| $1+7-6=$ | $7+2-9=$ | $5+4-3=$ |

# אַ גוט מאָרגן



אַ האָן

אַ האָן

קרייט דער האָן:
קו-קו-רע-קו!
קרייט דער האָן:
קו-קו-רע-קו
אַ גוט מאָרגן!
אַ גוט מאָרגן!



אַ זייגער

אַ זייגער

גיכער, קינדער,
פון די בעטלעך.
גיכער, קינדער,
פון די בעטלעך.
עס טאָגט!
עס טאָגט!
דער מאָרגן קומט!

---

קומט פרי +
קומט שפעט −
קומט גאָרניט ○

| קינדער | טעג | | | |
|---|---|---|---|---|
| | 1 | 2 | 3 | 4 |
| גאָלדע | ○ | + | + | + |
| גאָדיק | + | − | + | + |
| כאנע | + | + | + | + |
| שימען | ○ | + | + | + |
| הינדע | + | + | + | + |

אַ רעטעניש:

גייט און גייט
און רירט זיך
ניט פון אָרט

# אין געוועט

אין דער גרופּע „א“ קומען קינדער שפּעט.
און אין דער גרופּע „ב“ קומען קינדער שפּעט.
איז מען אוועק אין געוועט.
וועלכע גרופּע וועט מער ניט קומען שפּעט.
וויל די גרופּע „א“ געווינען דעם געוועט.
און די גרופּע „ב“ וויל געווינען דעם געוועט.
קומען ביידע גרופּעס פרי.
קיינער קומט ניט שפּעט.

# גייט אין געוועט — און קומט שפּעט

— קינדער, — זאָגט גאָדיק, — ווער גייט מיט מיר אין געוועט: אין שול ניט קומען שפּעט?

— איך! — זאָגט הינדע.

— גוט! קום. גיב די האנט.

הינדע גיט די האנט, כאנע שלאָגט איבער.

איז אוועק פיר טעג און מע זעט: גאָדיק האָט איין מאָל „שפּעט“ הינדע ניט. הינדע, האָט געוואונען דעם געוועט.

נאָר גאָדיק פאלט בא זיך ניט אראָפּ, ער זאָגט: פאראן נאָך טעג, וועל איך מער ניט קומען שפּעט. גייט ווידער אין געוועט און קומט ווידער שפּעט.


קאָפּ


אויגן


אויערן


מויל


האַלדז


זייף

**זייף**

ריין איז שיין!


האַנטוואַש

**האנטוואש**

וואַש די הענט מיט זייף!

וואַש די הענט פֿאַרן עסן!


האַנטעך

**האנטעך**

וואַש די אויערן!
וואַש די האַלדז!



קיווע איז א סאניטאר.
קיווע קוקט די הענט בא אלע קינדער.
קוקט די האלדז, די אויערנ.
— דאָדיק, בא דיר די הענט ניט ריינ.
גיי וואש. וואש גוט. מיט זייפ.
שער אָפּ די נעגל.
סימע, קוק, בא אלע קינדער ריינע
אויערנ. אונ בא דיר?
וואש די אויערנ מיט זייפ.

---

וואָס טוט דער סאניטאר?
דער סאניטאר באקוקט די קינדער.
ער קוקט די הענט. די אויערנ. די קליידער
אלע טאג באקוקט ער די קינדער.

# אין געוועט

די גרופּע „א“ איז אוועק אין געוועט מיט דער גרופּע „ב“. דער געוועט איז געווען:

1) קומ׳ען אין שול מיט ריינע הענט.

2) קומען אין שול מיט ריינע אויערן.

דער געוועט איז געווען אף א כוידעש.

ס׳איז אוועק 10 טעג. זעט מען — די גרופּע „א“ קומט א ריינע און די גרופּע „ב“ ניט. פאַראַן דאָרט דריי קינדער: שימיק, כאַנע און איזי. איז דער פוילט זיך נעמען זייף אין האַנט, און דער פאַרגעסט זיך, אַז ער האָט אויערן.

ס׳איז אוועק א כוידעש. די גרופּע „ב“ האָט פאַרשפּילט דעם געוועט. און איבער וועמען? איבער שימיקן, איבער כאַנען און איבער איזין. דאָ האָט זיך גאָר די גרופּע א נעם געטאָן פאַר זיי:

— כעוורע, גייט איר אין שול, איז קומט ריין, עלע ניט — שלאָפט אינדערהיים.

איז שימיקן און כאַנען און איזין געוואָרן מיעס, איבער זיי זאָל די גרופּע ווידער פאַרשפּילן דעם געוועט? דאָס ניין!

האָבן זיי גענומען וואַשן גוט די הענט און די אויערן. איז אוועק נאָך א כוידעש — און ביידע גרופּעס האָבן געוווּנען דעם געוועט.



בא ידער שול א גאָרטנ.

די קינדער אפנ גאָרטנ.

זיי נעמענ אראָפ:

ארבעס, מערנ, ריבנ, רעטעכ,

באָב, בורעקעס

אונ קארטאָפל.

---

די ארבעט גייט

די ארבעט ברענט.

דער גראָבט,

דער טראָגט,

דער גיט,

דער נעמט.

די ארבעט גייט,

די ארבעט ברענט



ריבן

ריבנ



ציבעלע

ציבעלע



ארבעס

ארבעס



קארטאָפל

קארטאָפל



2 + 2 + 2 + 2 + 2 = 10

2 . 5 = 10



2 + 2 + 2 + 2 = 8

2 . 4 = 8

2 + 2 + 2 = 6

2 . 3 = 6




| | |
|---|---|
| 2 | 2 . 1 = |
| 2+2 | 2 . 2 = |
| 2+2+2 | 2 . 3 = |
| 2+2+2+2 | 2 . 4 = |
| 2+2+2+2+2 | 2 . 5 = |




**א רעטעניש.**

א לאטע אף א לאטע
און אָן א נאָט

# האָבן מיר א גערטעלע

האָבן מיר א גערטעלע, א גערטעלע,
זייען מיר דאָרט מערן.
וואקסן אויס די מערן גרויס
אָט אזוי ווי בערן, אָט אזוי ווי בערן—
דאָס איז בא אונדז מערן.

האָבן מיר א גערטעלע, א גערטעלע,
זייען מיר דאָרט ריבן.
וואקסן אויס די ריבן גרויס
אָט אזוי ווי שטיבן, אָט אזוי ווי שטיבן—
דאָס איז בא אונדז ריבן.

האָבן מיר א גערטעלע, א גערטעלע,
זייען מיר דאָרט רעטעך.
וואקסן אויס די רעטעך גרויס
און דעריקער — ביטער,
אז עס כאפּט א ציטער —
דאָס איז בא אונדז רעטעך.

# מיר קלעפּן



אן עפּל פון לײמ

אן עפּל פון לײמ

אָט איז לײמ,
און אָט איז װאסער.
גיסן מיר,
מישן מיר,
קנעטן מיר,
מאכן מיר
לײמ צום קלעפּן,
לײמ צום קלעפּן.
דער קלעפּט
קרויט א קעפּל,
דער א באר,
דער אן עפּל,
דער א פּאן,
און דער א טעפּל.



א באר פון לײמ

א באר פון לײמ

קלעפּ אלײן װאָס דו װילסט.

ארבעט ריינ
מיט ליימ!

---

שמיר ניט אויס די ארבל!

---

נאָכ דער ארבעט
וואש די הענט!

---

מיר קומענ אינ שול.
אינ שול נעמענ מיר ליימ.
די ליימ קנעטנ מיר.
פונ ליימ מאכנ מיר,
וואָס מיר ווילנ.

איכ קומ אינ שול.
אינ שול נעמ איכ ליימ
די ליימ קנעט איכ
פונ ליימ מאכ איכ
וואָס איכ וויל.

---

דערציילט, וואָס מאכט איר פונ ליימ.





# בלעטער-פאל



פאלן בלעטער.
בלעטער פאלן.

א בלאט
פון א דעמב

אלע געלע
פאלן, פאלן.

א בלאט
פון א ליפע

---



3 + 3 + 3 = 9

3 . 3 = 9

| | |
|---|---|
| 3 | 3 . 1 = |
| 3+3 | 3 . 2 = |
| 3+3+3 | 3 . 3 = |



# אינ שטאָט-גאָרטנ




גייענ קינדער אינ שטאָט-גאָרטנ.
קומענ קינדער אינ שטאָט-גאָרטנ.
זעענ זיי:
פונ די בוימער פאלנ בלעטער.
אָט איז א בלאט פונ א ליפּע.
אונ אָט איז א בלאט פונ א דעמב.
בלעטער אָנ א שיר.
געלע, גרינע, רויטע, ברוינע.
אלע קינדער נעמענ בלעטער
פאר דער שול.

# גאָלד פאַלט.

גאָלד פאַלט.
גאָלד פאַלט.
פול מיט גאָלד
איז דער וואַלד.

ווערט א ווינט,
פליט דאָס גאָלד.
ווער עס וויל,
נעמט דאָס גאָלד.

ווערט די שול
פול מיט גאָלד —
מיט די בלעטער
פון דעם וואַלד.
גאָלד פאַלט.
גאָלד פאַלט.

# א זון ווי גאָלד

א זון ווי גאָלד.
ווי גאָלד א זון.
און העל.
און בלעטער, בלעטער־
רויט, און ברוין,
און געל.

---

די ליפּע איז מיט בלעטער.
דער דעמב איז מיט בלעטער.
די סאָסנע איז מיט נאָדלען.
די טענע איז מיט נאָדלען.

---



א רעמעלע פון בלעטער.

# אלע קינדער מאָלן




אלע קינדער מאָלן.
וואָס ווער עס וויל, דאָס
מאָלט ער.
ליפּע מאָלט א ליפּע.
די צווײַגן אָן בלעטער.
אונטער דער ליפּע א באַנק.
דאָרע מאָלט א דעמב.
די צווײַגן מיט בלעטער.
שימען מאָלט א באַן.
אסאך, אסאך וואַגאָנעס.
ער מאָלט און מאַכט מיטן
מויל:
פּפּו, פּפּו, פּפּו,—ווי א באַן.
די קינדער מאָלן
און שרײַבן אונטער דעם נאָמען.



א צווײַג פון א סאָסנע
א צווײַג פון א סאָסנע



---





$4 + 4 = ?$

$4 . 2 = ?$

צוויי מאָל פיר איז אכט.



$4 + 4 = 8$

$4 . 2 = 8$

# אלע קינדער בא דער ארבעט

אלע קינדער בא דער ארבעט.
מיט די בלײַערס, מיט די פארבן.

טוט א בלײַער זיך א ריר;
ווערט א־הײַזל אפ פאפיר.
קריכט דער בלײַער אין דער הויך;
גייט פון קוימען שוין א רויך.
טוט דער בלײַער נאָך א קלעטער;
ווערן ביימער, צווײַגן, בלעטער.
לאָזן פארבן זיך אהין,
ווערן בלעטער געל און גרין.

---




$5 + 5 = 10$ $5 + 5 = ?$

$5 . 2 = 10$ $5 . 2 = ?$

צוויי מאָל פינף איז צען.

.1

א פענאל, א ביכל, א ווירע, א העפט, א טינטער.
א פענע, א הענטל, א מעקער. פארבנ, א טעקע.
קרײַד, א בלײַער.

**שרײַב ארויס פונדאנענ נאָר די זאכנ, וואָס דו האָסט.**

.2

א קאָמאָד, א פארטע, א טיש, א באנק, א שאפע,
א קאנאפע, א טאָוול, א בעט, א שטאל, א טינטער,
א פאָליצע, א קארטע, א שפיגל.

**שרײַב ארויס פונדאנענ נאָר די זאכנ, וואָס בא אײַך איז פאראנ אינ קלאס.**

---

## א רעטעניש.

**פיר ברידער טראָגנ איינ היטל.**

**וואָס איז דאָס?**

(א טיש)

---

## מאָל אָנ דעמ ענטפער.



אנדערע ארבעט פון ליים



אנדערע ארבעט פון פאפיר



אנדערע געמעלן

* *
*

ארבעט, קינדער,
ארבעט גוט.
ווער עס ארבעט,
דעם איז גוט.

* *
*

דײַנע העפטנ ניט צערײַס.
מאָלסטו עפעס אָנ —
באהאלט.
מאכסטו עפעס פונ לײמ —
ניט צעברעכ.

וועט אוועק א טאָג,
וועט אוועק א וואָכ,
אונ נאָכ א וואָכ,
אונ נאָכ,

וועסטו זעענ —
וואָס דו קאָנסט שוינ,
וואָס דו ווייסט שוינ:
וועסטו זעענ —

וואָס דו ווערסט גרעסער,
ווערט דײַנ ארבעט בעסער.



$(2\times 2)+3=$

$5+(2\times 2)=$

$3+(3\times 2)=$

$(4\times 2)-3=$

$(5\times 2)-10=$

$(3\times 3)-5=$

$(2\times 4)-6=$

$(2-2)+4=$



# די פויגל פליִענ אוועק



א טויב

זע, וואָס איז אינ גרויענ הימל?
ניט אעראָפּלאנענ –
פייגל רוישנ מיט די פליגל,
פליענ אָפּ פונ דאנענ.



א קראָ



א מיסטפייגעלע

שרייב אָפּ, וועלכע פייגל בלייבנ דאָ?

# יאָמקיפּער

I

דער טאַטע איז אַוועק אין פאַבריק. די מאַמע — אין אַרטעל. און טאָליע ליגט אין בעט. נעכטן האָט ער אָפּן דאַך געקלעטערט. טײַבעלעך געוואָלט כאַפּן. האָט ער זיך צעקלאַפּט אַ פוס. ליגט ער אין בעט.

אָבער הײַנט איז יאָמקיפּער. דער ראָוו און די בורזשויען זאָגן, אַז יאָמקיפּער טאָר מען זיך ניט לערנען. טאָליע איז אַן אָקטיאַבערל. וויל ער די בורזשויען ניט פאָלגן. נאָר זײַ אַ בעריע און גיי אָפּ איין פוס זיך לערנען!

עמעס, טאָליע האָט צוויי פיס. אָבער מיט דער צווייטער קאָן ער אַ טראָט ניט טאָן. ווי נאָר אַ טראָט, טוט זי וויי.

II

נעמט טאָליע אַ שטעקן, שפּאַרט זיך אָן און גייט זיך אין דער אַרבעט-שול. ער גייט און הינקט און שלעפּט זיך. טוט אַ טראָט און שטעלט זיך אָפּ, טוט אַ טראָט און שטעלט זיך אָפּ. די פוס טוט וויי.

נאָר טאָליע וויל ניט קומען שפּעט. הערט ער ניט דעם ווייטעק, טוט זיך אָן אַ קוויטש און גייט גיך, גיך.

III

טאָליע איז אַרײַן אין אַרבעט-שול. ער סאָפּעט און איז מאַט און בלייך.

ער טוט אַ קוק אויפן זייגער — ניטאָ נאָך קיין 8. טאָליע פרייט זיך — אָפּ איין פוס אַריבערגעיאָגט דעם זייגער. געקומען יאָמקיפּער אין אַרבעט-שול באַגלײַך מיט אַלע קינדער.

---



# א רעגן גיסט

א רעגן גיסט און גיסט.
נאס די ערד. נאס דער סאָד.
א בלאָטע אין גאס.
א בלאָטע אין הויף.
א בלאָטע בא דער טיר.
ראמען מיר מיט לאָפּעטעס די בלאָטע,
שיטן אָן זאמד און בלעטער בא דער טיר.

---

* * *

גיסט אַ רעגן,
גיסט אַ רעגן.
בלאָטיק, בלאָטיק
אַלע וועגן.

**שרײַב איבער:**

מיר ראַמען - איך ראַם
מיר נעמען - איך ...
מיר קומען - איך ...

# לופטער דעמ צימער!

— כאנע, זאָגט די מאמע,—וואָס טוסטו?
אפנ גאס איז נאס, א רעגנ גיסט,
אונ דו עפנסט די פענצטער.
האָסטו סייכל?
— איז וואָס, מאמע,—ענטפערט כאנע,—
מע דארפ
לופטערנ דעמ צימער אלע טאָג,
וואָס פאר א וועטער עס זאָל ניט זײַנ.

---

ווילסטו זײַנ געזונט אונ שײנ
באָדסטו זײַנ שטענדיק רײנ



שול-אפטייקל



# אנ עמעסער דאָקטער

אינ קלאס איז א טומל.
בא יאָסלענ גייט בלוט פונ פינגער.
זיכ א שניט געטאָנ. וויינט ער.
קיינער ווייסט ניט, וואָס צו טאָנ.
דער לערער איז ניטאָ.
זאָגט קיווע דער סאניטאר:
— ניט וויינ!
אנו, באווײַז דעם פינגער!
קיווע נעמט וואסער,
וואשט אָפּ דאָס בלוט.
נעמט יאָד אונ טוט א שמיר.
נעמט א בינט, דרייט ארומ פינגער
אונ זאָגט.
— וועסט זײַנ געזונט. האלט נאָר
ריינ דעם פינגער.
כעוורע לאכנ:
— אָהאָ, קיווע איז אנ עמעסער
דאָקטער.






א בינט



וואטע



שפּילן זיך קינדער
לויפן און יאָגן
לויפט סימע און פאַלט.
פאַלט און כאַפּט אַ רעכטן קלאַפּ
אַלע קינדער לויפן צו.
סימע שטייט אויף און זאָגט שטיל:
איך בין שיִר ניט געפאַלן.

**טראַכט צו אַ קעפּל.**

# האפסאָקע

לויפֿנ קינדער,
לויפֿנ יונגע.
היי, מיט אונדז!
היי, נאָך אונדז!
שלעפּט די פֿוילע
פֿונ די פּארטעס!
שלעפּט ארויס,
אונ ארויס,
אפֿ דער פֿרישער
לופֿט ארויס.

---

| | |
|---|---|
| $5+?=8$ | $8-?=6$ |
| $6+?=9$ | $7-?=5$ |
| $?+4=10$ | $?-3=3$ |
| $?+3=7$ | $?-6=4$ |



אַ קאַץ מיט קעצעלעך

# אַ קאַץ מיט קעצעלעך

קעצעלע מיט לאַפּקעלע —
וואַש, וואַש, וואַש.
קעצעלע מיט פּיסקעלע —
נאַש, נאַש, נאַש.
קעצעלע מיט נעזעלע —
שמעק, שמעק, שמעק.
קעצעלע מיט צינגעלע —
לעק, לעק, לעק.





זיצן דרײַ קעץ
קענען יעדער [illegible] צוויי קעץ
וויפֿל קעץ זיצן?



# א קאצ מיט א מויז

אינ דיל איז א לאָכ.
אינ לאָכ איז א מויז.
קריכט ארויס פונ לאָכ א מויז.
עסט די מעל פונ זאק.
שיט זיכ מעל פונ זאק.
קומט די קאצ אונ כאפט די מויז.
צאפ-צאראפ — די מויז איז אויס.

---

לעמ. א נאָרע שטייט א קאצ
מיטנ פיסעלע - קראצ, קראצ, קראצ.
קוקט אינ הײַזעלע,
וואַרט אפ א מײַזעלע.
קומט דאָס מײַזעלע
פונ דעמ הײַזעלע.
כאַפּ - לאַפּ - דראַפּ -
דאָס מײַזעלע איז געפּאַקט.



# אַ שפּיל אין קאַץ און מויז

| | |
|---|---|
| איינס, צוויי — | צוקער איז זיס — |
| גיב מיר טיי. | גיב מיר ניס. |
| טיי איז ביטער — | ניס איז האַרט — |
| גיב מיר צוקער. | זיץ און וואַרט. |

ווי ציילט איר זיך, אַז איר שפּילט?

---

## אַ שפּיל אין ווערטער

| | |
|---|---|
| דאָרף — פעלד | מאַשין — |
| טײַך — כּעוורע | פאַבריק — |
| קאַץ — ציג | קאָלווירט — |
| מויז — זאַק | קאָלעקטיוו — |
| מעל — לאָך | פּיאָנער — |

שטעלט צו אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט דעם זעלביקן אָס, מיט וועלכן די ווערטער ענדיקן זיך.

ווערטער נעמט פון דאַנען: נאָדל, קאָמונע, טראַקטער, ווייץ, ראַט.

* *
*

קינדער, קינדער, ווער וועט זאָגנ:
וויפל רעדער האָט א וואָגנ?
וויפל ווינקלענ האָט א הויז?
וויפל אויגנ האָט א מויז?
וויפל פינגער האָט א האנט?
וויפל קאנטנ האָט א וואנט?
וויפל פיסלעכ האָט א טיש?
וויפל פלעדערנ האָט א פיש?
וויפל ארבל האָט א רעקל?
וויפל עקנ האָט א שטעקל?
וויפל פליגל האָט א האָנ?
וויפל זײַטנ האָט א פאָנ?
וויפל טעג האָט א וואָכ?
ווענ שרײַענ קינדער נאָכ?



# הייבט די פאָן

העכער, קינדער, הייבט די פאָנ
און מארשירט מיט לידער.
אונטער אונדזער רויטער פאָנ
זײַנען אלע ברידער.



# אמאָל איז געווען אזוי:

פויער אקערט פעלד,
פאָרעץ ציילט דאָס געלט.
פויער זייט און שניידט,
פאָרעץ ליגט אף זייט.
פויער פירט און דרעשט,
פאָרעץ זופט און פרעסט.
קומט די צייט פון שלאָפן,
זאָגט דער פאָרעץ:
בעט מיר אויס,
טו מיך אויס,
דעק מיך צו
און היט מיין רו.

---

אזוי איז געווען פריער.
ווי אזוי איז איצט?

---

דערוויסט זיך, ווען האָט מען אָפּגענומען
בא די פריצים די ערד?



— איך בין פון דאָרף.
— און איך בין פון שטאָט.
— איך ארבעט אין פעלד.
— און איך אין זאוואָד.
— בא אונדז וואקסן ברויטן.
— און בא אונדז הודזען פאבריקן.
— ארבעטן מיר ביידע.
— זײַנען מיר ברידער.


סערפ און האמער



# פון דאָרף אין שטאָט

פאָרן פורן אָנגעלאָדן,
און א פיער א קאָלווירטניק
אפן וואָגן.
— פון וואַנען?
— פון דאָרף פון קאָלווירט.
— וווהין?
— אין שטאָט.
— וואָס פירט איר אין שטאָט?
— פוטער און ברויט
און קאָרן און קרויט.
— פאר וועמען?
— פאר וועבער און שמידער,
פאר ארבעטער-ברידער.

שטעלט עס פאָר.



# פֿון שטאָט אין דאָרף

פֿאָרן פֿורן אָנגעלאָדן,
און אַ פֿויער אַ קאָלווירטניק
אויפֿן וואָגן.
— פֿון וואַנען?
— פֿון שטאָט.
— וווּהין?
— אין דאָרף, אין קאָלווירט.
— וואָס פֿירט איר אין דאָרף?
— זאַלץ צום עסן,
זייף צום וואַשן,
נאַפֿט און רעדער,
ציץ און לעדער,
און מאַשינעס פֿאַר דער ערד,
און אַ האַמער און אַ סערפּ.
שטעלט עס פֿאָר.



# לענין

זעקס אזייגער מיט פופציק מינוט
די ערד האָט א כוישעכ באַצויגנ.
זעקס אזייגער מיט פופציק מינוט
האָט לענינ פאַרשלאָסנ די אויגנ.
אוי, ווי ס'איז פינצטער דער שניי,
אוי, ווי פאַרלאָשנ דאָס גליק איז -
איליטש איז טויט —
נאָר עס לעבט די פאַרטיי
פונ לענינצעס באָלשעוויקעס.



כעוורע גרייטן זיך צום אָקטיאבער-יאָנטעוו.









זאָל לעבן די ראטנמאכט!




און רייען נאָך רייען
אלץ גייען און גייען.

---

וווּהין גייען זיי?



# אָקטיאָבערלעך גייען

דער פּויק גייט אַרויס
און פּויקט הויך פּאַרויס.
און מיר אַלע גייען
פריילעך אין די רייען.

* *
*

איינס און צוויי,
און דריי און פיר.
יונגע קינדער
זיינען מיר.

כאַטש מיר זיינען
יונג און קליין,
ווי די העלדן
דאַרף מען גיין.



איינס צוויי, איינס צוויי,
גייט די רויטע ארמיי.
גייט מיט ביקס, גייט מיט שווערד,
פאָרט אפ טאנקען, רײַט אפ פערד.
פיפ, פאפ — אָט אזוי.
איינס צוויי, איינס צוויי,
גייט די רויטע ארמיי.
סײַ אינ קעלט, סײַ אינ היץ,
שטענדיק גרייט איז די ביקס.
שטענדיק פעסט איז די האנט
אפ באשיצנ אונדזער לאנד
פונעמ סוינע — פונ בורזשוי.
איינס צוויי, איינס צוויי,
גייט די רויטע ארמיי.

# אליאָקע

אליאָקע איז א ציגײַנערל. אים איז 8 יאָר. גייט ער אין שול.

אלעמען רופט מען באם נאָמען. נאָר אים רופט מען ציגײַנערל.

— ציגײַנערל, קום זיך שפּילן.

— ציגײַנערל, הײַנט ביסטו א דעזשורער. ציגײַנערל, ציגײַנערל.

גלײַך ווי ער וואָלט קיין נאָמען ניט געהאט.

טאָליע איז א פּיאָנער. הערט ער ווי די קינדער רופן אליאָקען ציגײַנערל. האָט אים פאַרדראָסן.

— כעווערע — זאָגט ער — וואָס, מיר זײַנען דען בורזשויען, וואָס מיר רופן אים ציגײַנערל? זײַן נאָמען איז אליאָקע. דאַרף מען אים רופן אליאָקע.

דערנאָך איז אין שול געווען א שמועס וועגן דעם.

די קינדער האָבן פאַרשטאַנען, אז רופן א מענטשן מיטן נאָמען פון זײַן פאָלק, הייסט האַלטן אים פאַר א פרעמדן.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיי אים מער ניט גערופן ציגײַנערל, נאָר באם נאָמען אליאָקע.



דער טאטע איז היינט אינדערהיים.
קלאפּט ארום די טיר מיט וואָליק.
שטעלט ארײַן דובל-פענצטער.
פֿארקלעפּט מיט קיט.
סאָרע שערט פּאסן פּאפּיר.
מאָטעלע איז אין הויף.
ער לייגט ארום באָביקס קאנורע
מיט צווײַגלעך און מיט בלעטער.
לייגט אַן שטרוי אסאך.
סאָרע לאכט: באָביק האָט א גוטן פוטער.
אים וועט אזוי אויך זײַן ווארעם.
נאָר מאָטעלע טוט זיך זײַנס —
דעם הונט זאָל זײַן נאָך ווארעמער.

---

דערציילט, ווי אזוי גרייט מען זיך באַ אײַך צום ווינטער?
וואָס טוט דער טאטע? וואָס טוט די מאמע? און דו וואָס טוסט?



# א גלעזער

אפנ אקסל
מיט א קאסטנ גלאָז
גייט א גלעזער אום.
ווו מע דארפ —
שטעלט ער גאנצע.
ווו מע דארפ —
שטעלט ער האלבע.

האלבע שויבנ,
גאנצע שויבנ,
אונ מיט טשוועקלעכ
טיק—טיק.
אונ פארקיטעוועט
מיט קיט.



# א בלעכער אפֿן דאך

אפן דאך א בלעכער.
ווי א לאך אדער לעכער,
וועט פאריכטן אט דער בלעכער.
מיט דעם האמער: טאך, טאך, טאך,
איבער בלעך, איבער דאך.
אלע לעכער אף די דעכער
האט פאריכט דער בלעכער.

---

**שרײַב איבער:**

# האָבן מיר א קיעלע



האָבן מיר א קיעלע,
האָבן מיר א שײנינקע.
גיט זי אונדז דאָס
מילכעלע,
גיט זי אונדז דאָס
װאַרעמע.

עסן מיר עס רויערהייט. עסן מיר עס זויערע,
עסן עס געקאָכטע. עסן מיר עס זיסע.

דערוויסט זיך, וואָס מאַכט מען פון מילך.

# א שלעכטע שטאַל

די קו אין שטאַל. די פעל אין שמוץ. דער דאַך אין לעכער. די ווענט אין לעכער.

קומט די מאַמע, טוט א מעלק די קו. וויל מילך א פולן שעפל.

און די קו — א קאָפּ אין לעפל.

— אָט א שלעכטע קו!

— ניין, ניט די קו, נאָר די שטאַל א שלעכטע.
און א שלעכט אויפּפּאַסן אף דער קו.



# א פרייד אין קאלווירט

א פרייד אין קאָלווירט איז,
א פרייד, א געוויש —
פארטיק א שטאל איז
אי וואַרעם אי גרויס.

ברענגט מען די בעהיימעס
אין שטאל מיט געהילכ,
ריננט פון די אײַטערס
שעפלען מיט מילכ.

נעמט מען די מילכ
אריַין אונטער ראָד,
ווערט פּוטער און קעז
אין מילכיקס-זאוואָד.

פּוטער און קעז
און מילכ און שמאַנט.
פאר קינדער פאר אלע,
פאר גאָר אונדזער לאנד.

# נאָך האָלץ

שפּאַנען כעוורע אײַן די פערד
און אוועק אין וואַלד.
שאַרפע העק און שאַרפע זעג
נעמט מען אין די הענט.

מיט דער זעג — א זעג א בוים,
מיט דער האַק — א שפּאַלט;
סקריפּען רעדער אונטער האָלץ —
כעוורע פאָרט פון וואַלד.

---

מיט וואָס באַהייצט מען בא אײַך די שטוב?
מיט וואָס באַהייצט מען די שול?
וואָס פאַר א הייצונג איז נאָך פאַראַן?
מאַכט א קאָלעקציע פון הייצונג.

זומער וואַרעמט די...
ווינטער וואַרעמט דער...
דאס אויוון הייצט מען מיט...

שרײַבט איבער. אָנשטאָט פּינטעלעך שטעלט א וואָרט
פון די ווערטער: האָלץ. זון. אויוון.

# שפּאַנט די פערד

(א שפּיל)



שפּאַנט די פערד אינ וואָגנ באַלד,
לאָמיר פאָרנ גלײַך אינ וואַלד.
פאָרנ, פאָרנ, פאָרנ, פאָרנ,
פאָרנ מיר אינ וואַלד.



אינ די הענט העקלעכ נעמט,
האַקט אַרומ דעמ דעמב.
האַק! האַק! האַק! האַק!
האַקט אַרומ דעמ דעמב.



אונ אַצינדער, אַלע קינדער,
שלעפּט דעמ דעמב צומ וואָגנ.
שלעפּט! שלעפּט! שלעפּט! שלעפּט!
שלעפּט דעמ דעמב צומ וואָגנ.



געקומענ פונ וועג, נעמט אַ זעג,
זעגט דעמ בוימ אַפּ קלעצער.
זעגט! זעגט! זעגט! זעגט!
זעגט דעמ בוימ אַפּ קלעצער.

* *
*

שטייט א בוים,
נאַקעט הויל,
אָן א בלאַט.
און א ווינט
מיט א פראָסט
בלאָזט און בלאָזט.

קוקט זיך צו, וועלכע בוימער שטייען אָן בלעטער,
און וועלכע בוימער זיינען גרין ווי זומער.

---

# פראָסט-טוי

אָט שטייט א בעראָזע. אף די צווייגן פראָסט-טוי. און אָט איז אן אָסינע. אף דער אָסינע פראָסט-טוי. אָבער קיין בלעטער איז ניטאָ.

און אָט איז א סאָסנע און א טענע גרין ווי זומער. און אף די גרינע נאָדלען פראָסט-טוי.

---

## א רעטעניש:

זומער טוט עס אָן
דעם פעלץ,
ווינטער טוט עס אויס
דעם פעלץ.



א רעטעניש.

ער גייט אַרויפ.
אונ נעמט אַרויס,
ער גייט אַראָפּ
אונ שאָקלט אָפּ.

– רופ דעמ קוימענקערער.

– אפ וואָס?

– דעמ קוימענ קערנ. אניט
וועט ברענענ די סאַזשע.
וועט זײַנ א סרייפע.

---

געפינ דאָ א וואָרט מיט **זש**.

---



דערציילט, וואָס איז דאָ אָנגעמאָלט.



# א סרייפע

און עס יאָגט
און עס טראָגט
א פערד
נאָך א פערד.
פון פעסער,
פון רעדער
ציטערט
די ערד.

פון טיר
און פון פענצטער,
פון דאך
און פון ווענט
זעצט א רויך,
זעצט א פײַער –
עס ברענט!
עס ברענט!

---

דערוויס זיך, פון וואָס ווערט א סרייפע.
ווי אזוי גיט מען צו וויסן, אז עס ברענט.
ווער לעשט א סרייפע.
ווער עס האָט געזען א סרייפע,
זאָל דערציילן, וואָס ער האָט געזען.



# אויסגעוואקסן

קאלט. טאָליע נעמט ארויס זײַןווארעמ
מאנטעלע פונ קאסטן.
דאָס מאנטעלע איז אינ נאפטאלינ.
טאָליע טוט עס אָנ.
דער נאפטאלינ קיצלט די נאָז.
טאָליע ניסט: אפטשכי! אפטשכי!
ניסט אונ קוקט אפ די הענט, אפ די פיס.
קוקט אונ קוועלט: ארויסגעוואקסנ פונ
מאנטעלע ביז איבער די קני.

# לײבעלעס רעקעלע

בא מונינ איז דאָס מאנטעלע אָנ וואטע.
איז מונינ קאלט.
נייט אונטער די מאמע וואטע.
איצט וועט מונינ זײַנ ווארעמ.
בא לײבעלענ דאָס רעקעלע צעריסנ.
נעמט די מאמע אונ לייגט א לאטע.
איז דאָס רעקעלע א לאטע אפ א לאטע.
וויינט לײבעלע:
— איכ וויל ניט א רעקעלע מיט לאטעס.
— אונ א טעלער מיט לאטקעס ווילסטו?
לײבעלע וויינט אונ לאכט.

---

ווינטער איז ...
דארפ מענ א ווארעמס
א ווארעמענ..
אונ אופ די פיס ...

שרײַב איבער. אָנשטאָט די פּינטעלעכ
שטעל א וואָרט פונ די ווערטער:

מאנטל קאלט היטל. קאלאשנ ווָאליקעס.

# שנײַדער, שנײַדער.

שנײַדער, שנײַדער, גיכער נײ.
מאַך מײַן מאַנטל אײנס און צװײ
מאַך ניט קורץ. מאַך ניט לאַנג.
מאַך ניט ברײט, מאַך ניט ענג.
ניט צוגרױס, ניט צוקלײן.
עס זאָל זײַן אי שטאַרק אי שײן.

## רעטענישן:

1



אַן אײַזערנער פערד
מיט אַ פלאַקסענעם עק.
װוּ מע שטופּט אים,
דאָרטן גײט ער

2



אַלעמען באַנײט עס,
אַלעמען באַקלײדט עס
און אַלײן גײט עס
נאַקעט

**ניט די נאָדל נײט, נאָר די האַנט.**

# וואָל, וואָל

א פוטערל פון וואָל,
א קליידעלע פון וואָל.
וואָל, וואָל, וואָל —
זינגען קינדער אפ א קאָל,

א היטעלע פון וואָל,
א שאלעכל פון וואָל.
וואָל, וואָל, וואָל —
זינגען קינדער אפ א קאָל.

זעקעלעך פון וואָל.
וואָליקלעך פון וואָל.
וואָל, וואָל, וואָל —
זינגען קינדער אפ א קאָל.

אָן א וואָג און אָן א צאָל
גיט דאָס שעפעלע אונדז וואָל.
וואָל, וואָל, וואָל —
זינגען קינדער אפ א קאָל.

---

שרײַבט ארויס פון ליד אלע זאכן, וואָס
מע מאכט פון וואָל.



# קאטשאנעס

פאר איצעלענ איז הײַנט א יאָנטעוו.
אונ א גרויסער יאָנטעוו: מע שטעלט קרויט.
די גאנצע שטוב איז פול מיט קרויט.
ווו דו קערסט זיכ איז קרויט:
אפ טיש אונ אפ בענק.
אפ שטול אונ אפ פענצטער.
אומעטום איז קרויט.
די מאמע אונ די שכײנעס שאטקעווענ קרויט,
האקנ אונ בראָקנ מיט גרויסע מעסערס.
דער טאטע ארבעט מיט א קאטשעלקע—
קלאפט אײַנ אינ א דײזשקע.
איצעלעס ארבעט איז בא די קאטשאנעס,
ער האָט שוינ א גאנצנ בארג מיט קאטשאנעס.
— מאָרגנ,— זאָגט ער,—
עפנט ער א קאָאָפעראטיוו.
א קאָאָפעראטיוו פונ קאטשאנעס.
אונ דערווײַל עסט ער אלײנ די
סכוירע פונ זײַנ קאָאָפעראטיוו.



א קאטשאנ

א קאטשאנ

# קרויט

אָט אזוי, אָט אזוי
שטעלט מען קרויט.
מיט א מעסער האקט מען—
האק, האק, האק.
אין א פעסל פאקט מען —
פאק, פאק, פאק.

מיט א דעקל דעקט מען —
דעק, דעק, דעק.
און מיט שטיינער פּרעסט מען—
פּרעס, פּרעס, פּרעס.
ווערט עס זויער, עסט מען —
עס, עס, עס.

---

הויסט קרויט אין קעסל,
קאָך אין באָרשט אין פולן טעפל.

אוגערקעס קאַווענעס. קאַרטאָפל. פּאָמידאָרן.
קרויט מערן. רעטעך. ציבעלע. פּעטערשקע.
שוועמלעך.

---

שרײַב אויס דאָס גרינוואַרג, וואָס מע
שטעלט אפּ ווינטער.

---

**א רעטעניש**

טויזנט רעקעלעך,
אַלע אין העקעלעך

**א שפּריכוואָרט**

וואָס דער זומער פאַרגרייט
עסט אויף דער ווינטער.

# כ א נ ע

.1

— כאנע, — זאָגט די לערערן, — גיי צו צום טאָוול.
כאנע שטייט אופ פונ פארטע אונ גייט.
אונ די שיך — קוואטש, קוואטש...
די לערערן טוט א קוק אפ די פיס אונ דערזעט —
פונ פאָרנט א פינגער אונ פונ הינטנ א רויטע פיאטע.
— כאנעלע, פארוואָס גיסטו ניט אָפּ די שיך פאריכטנ?
— איך וויל ניט דורכלאָזנ א טאָג.
— אונ אז דו וועסט זיך פארקילנ, וועט זײַנ בעסער?

.2

נאָך די לימודימ איז כאנע אוועק אינ שוסטער-ארטעל.
כעוורע איז געזעסנ אונ געארבעט: א שטאָך מיט דער אָל
אונ א מאך מיט די הענט. א שטאָך אונ א מאך, א שטאָך
אונ א מאך.
— טשיקאווע שיך בא דיר,—טוט לייבע דער שוסטער א זאָג—
אזוינע קליינע אונ עסנ אופ די גאנצע בלאָטע פונ גאס.
מאָרגנ פארמאך איך זיי דאָס מויל.
— עפשער קאָנט איר הײַנט? — בעט זיך כאנעלע.
— וואָס איז די אײַלעניש, דער טײַך ברענט?
— ניינ, די קינדער וועלנ אוועק אפריער.
— וווהינ?
— אינ די לימודימ.
— נישקאָשע, אינ א פּאָר גאנצע שיך וועסטו זיי גיכ
אָניאָגנ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| טו א פאטש<br>דרײַ מאָל מיט<br>די הענט. | עפנ די טיר. | מאכ נאָכ,<br>ווי מע נײט<br>אפ א מאשינ. | גײ צו אפ די<br>שפּיצ פינגער<br>צומ לערער. |
| באווײַז מיט די<br>הענט, ווי אזוי<br>נײט א שוסטער. | שרײַב אָנ<br>אפנ טאָוול דײַנ<br>נאָמענ. | באווײַז, ווי מע<br>קנעט טײג. | הויב אופ די<br>רעכטע האנט. |
| מאכ נאָכ,<br>ווי מע נײט<br>מיט א נאָדל. | צײל פונ צענ<br>ביז אײנס. | טו זיכ א דרײ<br>א אײנ פוס. | צײל פונ אײנס<br>ביז צענ. |
| באווײַז, ווי אזוי<br>מע קלאפט ארײַנ<br>א טשוואָק. | עפנ די<br>פאָרטקע. | זאָג דרײַ<br>ווערטער. | מאָל עפּעס אָנ<br>אפנ טאָוול. |
| זאָג א ליד. | קוואקע ווי<br>א זשאבע. | הירזשע ווי<br>א פערד. | זשומע ווי<br>א זשוק. |

מאכט אזעלכע קארטלעכ אונ נאָכ אנדערע. לײגט ארײַנ אינ א זעקעלע אונ שפּילט אזוי: יעדער קינד נעמט ארויס א קארטל. וואָס אינ קארטל שטײט, דאָס טוט ער.

# א יאָנטעוו

— היינט, קינדער, — זאָגט דער לערער, —
איז בא אונדז א יאָנטעוו.

— א יאָנטעוו?

— יאָ, א יאָנטעוו.

— וואָס פאר א יאָנטעוו?

— מיר האָבן געענדיקט דעם אלעפבייז. ווייסן מיר אלע אויסיעס. קאָנען מיר איצט לייענען און שרייבן. לייענען א ביכל און שרייבן א בריוול. איז דאָס ניט קיין יאָנטעוו?

— אורא! אורא! צוגעקומען אין אונדזער לאנד נאָך פערציק לייענער.

— אורא! אורא! דערלאנג נייע ביכלעך פאר פערציק נייע לייענער!

## טאבעלע נומ. 3

| | | | |
|---|---|---|---|
| די די | א א | טעמענ | באר |
| מאמע | אלע | עמענ | בא בא |
| עמע | טעלער | אלעמענ | בארנ |
| עמער | מעסער | עס די | מערנ |
| דער | ער ער | באָבע | שער |
| טאטע | טעמע | טיש | שערט |
| עמעס | עסנ | שאָל | שערעלע |
| עסט | מאמענ | בעבע | שערנ |

## טאבעלע נומער 4

| | | | |
|---|---|---|---|
| מיט מיט | פאנ | ארבעט | פאָרט |
| מיל מאָל | בעט | נאָדל | נעמט |
| מיר מיר | בעטעלע | מעסט | ראמט |
| פיש | בעטנ | ארבעטנ | קערט |
| פישער | פארבעט | קינדער | קומט |
| פישעלע | נא נא | אינ אינ | פירט |
| פיס | נייט | פונ פונ | וואש וואש |
| לעפל | מאשינ | שול בוך | מאָלט |

# צו די לערער.

אונזער „אלעפבייז״ איז צונויפגעשטעלט לויטן מעטאָד פון גאנצע ווערטער (ניט אין זײַן ריינער פאָרם, נאָר אין א קאָמבינירטער, מיט א ווײַטערדיקן אנאליז אפ טראפּנ און קלאנגען).

נײַע ווערטער ווערן ארײַנגעפירט סיסטעמאטיש מיט א בעהאדראָגעדיקן אָנוווקס פון נײַע עלעמענטן (לעמאָשל: מאמע, עמע, עמער, עמעס א. א. וו.).

נײַע ווערטער גיבן מיר אונטער איינדײַטיקע געמעלן (א מעסער, א טעלער) — די אסאָציִירונג פון דער גראפעמע פּיִב וואָרט מיטן בילד וועט פארגרינגערן דעם פּראָצעס איבערצולייענען דאָס וואָרט אין טעקסט.

אין טעקסט ווערן ארײַנגעפירט נײַע ווערטער אפ אזא אויפן, אז די באזונדערע טיילן זייערע זאָלן שוין זײַן באקאנט די קינדער פון פריער. דאָס נײַע וועלן די קינדער גרינג איבערלייענען פון לײַכטן און קלאָרן קאָנטעקסט (פיש, שער — פישער; בעט, פארבעט — ארבעט; אלע, מאמען — אלעמען א. א. וו.

נאָך יעדן לימער גיבן מיר, די ערשטע צײַט, טרעניר-מאטעריאל. דער ציל איז — צוגרייטן דאָס קינד צום קומענדיקן באוווסטזיניקן אנאליז.

דערדאָזיקער מאטעריאל באשטייט פון דורכגעאנגענע ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין א נאָענטן מיטקלאנג צווישן זיך און שיידן זיך אונטער איינס פון צווייטן מיט איין קלאנג, מיט איין בוכשטאב (באבע, — בעבע; עמער — עמעס; פיר — פיש).

די אָנזאמלונג פון באאָבאכטונגען איבער דידאָזיקע דערשײַנונגען גרייט צו דאָס קינד צום פּראָצעס פון אויסטיילן קלאנגען, בוכשטאבן, רופט ארויס בא אים די אסאָציִירונג פון קלאנג און בוכשטאב, און ברענגט אים סאָפקאָלסאָפ צום באגרייפן דעם קלאנגען-באשטאנד פון וואָרט, ד. ה. באהערשן דעם פּראָצעס פון לייענען.

ס׳פארשטייט זיך, אז אפ דער ערשטער סטאדיע פון איווּרע לערנען, דארף דער לערער ניט פירן קיין שום שמועסן וועגן קלאנגען און בוכשטאבן און אָנרופן די אויסיעס לויט זייערע קלאנגען, ווי עס פּראקטיצירט זיך באם קלאנגען-מעטאָד.

דער „אלעפבייז״ הויבט זיך אָן מיט אן אלגעמיינעם בילד פון דער היימישער סוויווע פון קינד (די מאמע נייט, דער טאטע לייענט דעם „עמעס״, א ר ע — 16 יאָר אלט, א פאבריק-ארבעטער — לייענט א ביכל; ע מ ע — א פּיאָנערקע — טראָגט ארײַן 2 עמער וואסער, ט ע מ ע — א שילערן — שערט אויס פון פּאפּיר א פישעלע, א מילכעלע און אנדערע זאכן; די באָבע האָדעוועט בעבען — א מיידעלע פון א יאָר 2—3).

דאָס אלגעמיינע בילד גלידערט זיך פאנאנדער אפ די ווײַטערדיקע זײַטלעך אפ איינצלנע בילדער.

די קינדער מוזן זיך דעטאל באקענען מיטן אלגעמיינעם בילד און וויסן און פארגעדענקען די נעמען פון די פּערסאָנאזשן, וועלכע וועלן פיגורירן אפ די ווײַטערדיקע זײַטלעך און וועלכע די קינדער וועלן דארפן דערקענען לויט זייער אויסזען און לויט זייערע קליידער; דאָ וועלן זיי קענען זעלבשטענדיק איבערלייענען די אונטערשריפטן אונטער די איינצלנע בילדער פונעם צעגלידערטן אלגעמיינעם בילד.

אין „אלעפבייז״ ווערן באארבעט, לויט די גוס-פּראָגראמען, פאָלגנדיקע טעמעס:

די היימישע סוויווע פון קינד — באשטאנד פון דער פאמיליע, ארבעט און רו, היגיענע פון עסן (יעדערן א באזונדער טעלער), היגיענע פון שלאָפן (יעדערן א באזונדער געלעגער) און אנדערע סאנ-היגיעניִשע נעווויגהײַטן.

די שול-אָרגאניזאציע — ארבעט און שפּילן; הארבסט און די ארבעטן, וועלכע קומען פאָר אין הארבסט; אָקטיאבער-יאָנטעוו און צוגרייטונג צום ווינטער.

די איבעריקע טעמעס פארן ערשטן לערניאָר זײַנען באארבעט געוואָרן אין אונדזער ערשטן ביכל נאָכן אלעפבייז („ארבעט-קינדער״ פארן ערשטן לערניאָר).

דעם ערשטן קאָמפּלעקס: „די ערשטע טריט אין שול״ (ערינערונגען פון זומער, די ערשטע באקאנטשאפט מיט די עלעמענטארסטע קלאָלים פון שול-שטייגער א. ד. ג.) באארבעט דער לערער פריער, נאָך איידער די קינדער באקומען דאָס ביכל אין די הענט, אין דער צײַט ווען ער פירט דורכן די צוגרייטונג צו ארבעטן מיטן ביכל.

צום „אלעפבייז״ זײַנען בײַגעלייגט 5 טאבעלעס.

טאבעלע נומ. 1 איז א מוסטער פון פארשיידענע איינפאכע פיגורן און דינט אלס זע-דיקטאנט. אזעלכע פיגורן קלעפּן די קינדער אויס פון פאסעקלעך, וואָס זיי שנײַדן אויס פון פּאפּיר פון פארשיידענע קאָלירן (זיי קאָנען עס אויך צונויפשטעלן פון שוועבעלעך).

די פיגורנ זײַנענ קאָמבינירט אפ אזא אויפנ, אז וואָס ווײַטער וועלנ זיי בעהאררשנ אלצ פילפאכיקער (פי-גורנ פון 2 פאסעקלעכ אונ פונ 3, 4, 5 פאסעקלעכ).

אפ דערדאָזיקער ארבעט שטודירנ די קינדער די גרונט-קאָלירנ (רויט, געל, גרינ, בלוי). לערנענ זיכ ציילנ אונ געווינענ זיכ צו באמערקנ די פארשיידענע לאגעס פונ די פאסעקלעכ, וועלכע בילדנ פארשיידענע צייכענונגענ אדאנק דעמ, וואָס זיי זײַנענ פארשיידנ אויסגעלייגט.

די איבונגענ לויט די מוסטערנ פונ געגעבענעמ זע-דיקטאנט גרייטנ צו די קינדער אופצונעמענ פארשיידע-נע ווערטער, אויסיעס, (וועלכע שטעלנ מיט זיכ פאָר פאר די קינדער היפש קאָמפליצירטע צייכענונגענ), אונטער-שיידנ אייג וואָרט אונ אייג אָס פונ צווייטנ.

טאבעלע נומ. 3. אונ באשטייענ פונ איינצלנע פארשיידענע ווערטער. יעדעס מאָל, ווענ די קינ-דער האָבנ זיכ שוינ באקאנט אינ ביכל מיט די אָדער יענע ווערטער, שנײַדט מענ דיזעלביקע באקאנטע ווערטער ארויס פונ דער טאבעלע אונ מע קלעפט זיי אָנ אפ קארטאָנ. יעדעס קינד האָט זיכ זײַנ באזונדער קעסטעלע אָדער זעקעלע, אינ וועלכע עס האלט די אויסגעשניטענע ווערטער. דידאָזיקע באוועגלעכע ווערטער קאָמבינירנ די קינדער אפ אלערליי אויפאנימ אונ שטעלנ צונויפ פארשיידענע פראזעס (לעמאָשל: טעמע בעט עסנ. בעבע בעט בא עמענ א באר).

אינ דער טאבעלע נומ. 5 גיבנ מיר באזונדערע אויסיעס אפ אויסשנײַדנ אונ אָנקלעפנ אפ קארטאָנ אונ שאפנ א באוועגלעכנ אלעפבייז. די אויסיעס גייענ דאָ לויטנ סיידער, ווי זיי זײַנענ געגעבנ געוואָרנ אינ ביכל. מיטנ באוועגלעכנ אלעפבייז דארפ זיכ דער לערער באנוצנ שוינ באמ דורכגייענ די ערשטע זײַטלעכ פונ ביכל — אויסזעצנ די דורכגעגאנגענע ווערטער, בײַטנ די אויסיעס אונ באקומענ נײַע ווערטער. דורכ דערדאָזיקער ארבעט וועלנ די קינדער באקומענ די נויטיקע צוגרייטונג צומ באוווסטזיניקנ אנאליז. אלס מוסטער פאר דער-דאָזיקער ארבעט קאָנ דינענ דער טרעניר-מאטעריאל אינ ביכל.

טאבעלע נומ. 2 באשטייט פונ מוסטערנ פונ פארשיידענע אָרנאמענטנ, וועלכע דארפנ אויסגענוצט ווערנ אפ באפוצנ די קינדערשע געמעלנ, די טאָוועלעכ אונ באזונדערע זײַטלעכ פונ זייערע העפטנ.

די אָרנאמענטנ זײַנענ צונויפגעשטעלט געוואָרנ פונ עלעמענטנ, וועלכע שטעלנ מיט זיכ פאָר פארשיידענע אויסיעס פונעמ געשריבענעמ יידישנ אלעפבייז אונ גרייטנ צו דאָס קינד צומ יידישנ האנטשריפט, אנטוויקלענ זײַנע פינגער אונ געווינענ אימ צו באהערשנ אונ באנוצנ זיכ מיט שרײַב-געצײַג.

מיט די טאבעלעס נומ. 1 אונ 2 דארפ זיכ דער לערער באנוצנ נאָכ איידער ער טרעט צו צומ ביכל.

אויסער די טאבעלעס, איז נויטיק, אז דער לערער זאָל זיכ בורייט באנוצנ באמ איווּרע לערנענ מיט א לאָטאָ פונ געמעלנ מיט אונטערשריפטנ.

צוליב דעמ צוועק דארפנ אויסגענוצט ווערנ די איינדרײַטיקע געמעלנ אינ ביכל. נאָר אזוי ווי צוליב טעכ-נישע סיבעס זײַנענ זיי ניט געדרוקט געוואָרנ אפ אייג זײַט, מע זאָל זיי קאָנענ אויסשנײַדנ, איז געווונטשנ, אז די קינדער זאָלנ אליינ, מיט זייערע קינדערשע געמעלנ אונ אונטערשריפטנ, צוגרייטנ פאר א לאָטאָ אזעלכע אונ ענ-לעכע קארטלעכ-צייכענונגענ.

---

מיר דריקנ אויס אונדזער דאנקבארקײַט דער כאווערטע פ. אַ. פרידלאנד פאר אירע ווערטפולע מעטאָדישע אָנווײַזונגענ באמ צונויפשטעלנ דאָס ביכל.

מאָסקווע, אווגוסט, 1930.

די אווטאָרן